איהר גלייבט אין זייער עשירות און לייקענט אָב זייער חלק אויף עולם־הבא, באשר בבן? זיי האָבען קיין רחמנות נישט אויף איין אָרימאַנן, פֿערזאָרגען נישט קהל; אַז כלל ישראל איז אפילו אין אַ סכנה, ריהרען זיי זיך נישט פֿון אָרט, דאָס הייסט — זיי קאָננען, נור װיללען נישט טהון. און איך גלייב אין זייער חלק לעולם הבא און גלייב נישט אין זייער עשירות. איך זעה, אַז איין עושר שטאַרבט, שטאַרבט ער מיט׳ן עשירות צוזאַממען; אַלץ איז אַרוים: די נשמה פֿון גוף, דאָס געלד פֿון קאַססע, דער קרעדיט פֿון געשעפֿט — איין אויסגעבלאָזען איי.

ווי אַזוי איז דאָס געשעהן?

עס איז קיין נשמה נישט געװען, קיין עשירות נישט געװען; קרעדיט איז יאָ געװען, װייל װאָס איז קרעדיט? שמור לי ואשמור לך: איך לאָז מיך גענאַרען, און דו לאָז דיך גענאַרען!

אַזוי איז שוין אין דער סוחר׳ישער װעלט.

עורבא פרח — אויף יודיש הייסט עס — נישט געשטויגען און נישט געפֿלויגען.

הכלל, איך האַלט מיך ביי מיינעם: אַלץ געהט צוריק צו תהו־ובהו, אַלץ פֿאַלט —

יראת שמים אפילו אויך!

אַ מאָל, למשל, זעננען געװען בעלי־בתים. דאָס הייסט — פשוטע מענשען, אָהן ספקות, אָהן שאלות, אָהן חקירות — און פֿאַר דאָס פֿון צװייטען צד — אָהן מסירות־נפש, אָהן קדוש־השם, תעניתים און גלגול־שלג. פֿון װיעג ביז אין קבר אַריין איז עס זיך געגאַנגען אין גלייכען װעג, זיך נישט אָבגעשטעלט, אפילו זיך נישט אומגעקוקט! גאָר נישט — װי אַ סאָלדאַט: דער רבונו־של־עולם זאָגט: „סטופּאַי" — געהט ער — דאָס איז געװען, הייסט עס, דאָס אונטערלאַג — דער המון־עם; פֿאַר דאָס פֿון אויבען, מיט זעקס קאָפּף האָבער, זעננען געװען די גדולים, און טאַקי פֿון ביידע צדדים. פֿון איין זייט — מסטרא דימין, הייסט עס, — גאונים אדירים, טליתים פֿון סאַמע תכלת, נשמות טאַקי פֿון אונטער׳ן כסא־הכבוד! אַזאַ יוד׳ס אַ מחשבה האָט טאַקי מקיף געװען, װי מיט אַ גאַרטעל אַרומגענוממען אַללע עולמות; און אַזאַ יוד׳ס אַ װאָרט — הימטעל און ערד האָבען געציטטערט.

פֿאַר דאָס אין צװייטען צד, זעננען געװעזען אַפּירקורסים, טאַקי אמת׳ע אַפּיקורסים. אַ מוח װי איין ענבער — אַלץ דורכגעשטאָכען, אַלץ דורכגעזועהען.

פנחס כופר־הכל — אַזוי האָט מען איהן גערופֿען — האָב איך דאָך אַלליין געקענט. גאָר נישט — לית דין ולית דיין! און געה שפּאַר דיך מיט איהם! אַ מענש האָט אַ מויל, װי אויף שרויפֿען, אַ צונג — אַ חרב חדה, און האָגעלט מיט ראיות — רחמנא ליצלן!

אַז ער האָט געקריגען אַ מענש אין דער האַנד אַריין, האָט ער מיט איהם געוואָרפען, ווי מיט אַ קאַרטאָפעל אין אַללע עולמות; עס האָט פאַר די אויגען געשווינדעלט.

און מיינט איהר, עס זענען געוועזען עולמות; עס איז קיין איין וועלט, זאָגט ער, אויך נישט דאָ. ער ווייזט מיר אוים מיט ראיות ברורות, אַז עס איז קיין וועלט נישט דאָ, איך בין נישט דאָ, ער איז נישט דאָ, און דער שטענדער, ביי וועלכען מיר זענען געשטאַנען, איז אויך לא היה ולא נברא, — אַלץ איז אַ פערבלענדעניש.

אַזא מענש איז דאָס געווען; מבטל געווען, אַלץ מבטל געווען...
און היינט פרידערליך?

אוים גרויסע! קיין גדולים פון דער זייט, קיין גדולים פון יענער זייט; קיין פשוט'ע בעלי־בתים זענען אַ ודאי נישט דאָ... פערהאַנן מיטטעלמענשען, נור נישט אַזוינע, וואָס געהען אין דער מיטט, נור אַהין־און־אַהער־מענשען, וואַקעל־מענשען, שכור'ע נשמות...

יעדערער איז „חציו שלי וחציו שלך"; חסידים, מיט אַ שפּאָר ביסל יצר־הרע, אַפּיקורסים, וואָס פאַרען ביי'ם ערשטען צאָהן־ווייטאָג צו'ן אַ גוטען יוד, און די בריק צו'ם סמבטיון האָט נאָך אונטער זיך קיין איינציגער אַפּיקורס נישט פערברענט.

דער פּרוסטטער יוד האָט דרייערליי שלחן־ערוך'ס: אַ שלחן־ערוך פאַר'ן רשות הרבים מיט סאַמע אסורים; אַ שלחן־ערוך פאַר'ן כרמלית, וואו נור ער און זיינ'ס גלייבען געהט — מיט אַ מאַססע היתרים און אַ שלחן־ערוך פאַר זיך אין דער היים — סאַמע ליידיגע בלאַטטער מיט איין התרת נדרים...

די אַפּיקורסים זענען אויך אַזוי: דרייפאַכיגע, פיערפאַכיגע, וויפיעל איהר ווילט אַלליין.

אין דער היים שאַרפט ער זיך די בריטווע צו'ם גאָהלען די באָרד אין די רצועה של תפלין, ביי זיך אין „ראַדיל" איז ער יוצא דערמיט, וואָס ער איז אַ גרויסער אוהב ישראל, דער עיקר מיינט ער, די בנות ישראל... און אַ „מאמר" שרייבט ער: חס ושלום, ריהרט נישט! צאָן־קדשים, בני־נביאים, מנהגים קדושים — ממש עס ברענט... און געה ווייס!

דאָס איז אין „נגלה"; אין נסתר" איז אויך דאָס אייגענע. עס פעהלען נישט קיין מקובלים, זיי וואָלטען געקענט בעשאַפען גולמות, אַראָב ברענגען משיח'ן, הייסען שנייי זאָלל פאַללען אין תמוז, און אין מיטטען ווינטער זאָלל געהן אַ שלאַגסרעגען, — נור נאָך וואָס טויג עס זיי? זיי וויללען בעססער ע"פ קבלה איבערפעקלען אַ שטיקל סחורה איבער די גרעניץ, פערקויפען איין עקרה פאַר ח"י זהובים אַ בן־זכר...

אַ קראָמיל האָבען זיי זיך געמאַכט, און איינער יאָגט דעם צווייטען, און די פדיונות ווערען קלענער פון טאָג צו טאָג...

און די אַפּיקורסים האָבען זיך אויך געאָפּענט אַ קראָמיל... אַראָב ברענגען זיך, ווי פאַר צייטענס אַ בת מלכּה, איז היינט שוין נישט כּדאי, מאַכט מען זיך בעססער אַ פערלאָג מיט קליינע יצר־הרע׳ביכעליך...

קליינע פדיונעליך, קליינע ביכעליך, קליינע מענשאַליך...

מיט איין זאַך טרייסט איך מיר נור: פני הדור כּפני הכּלב; די וועלט האָט שוין אַזאַ הונדטיש פּנים, אַז משיח מוז שוין קוממען...

# גראף לעא טאלסטאי'ס ווערקע.

## בעארבייטעט אין אידיש, פון ד. מ. הערמאלין.

---

**איוואן איליטש'עס טויט**, א שילדערונג איבער דעם איבערגאנג פון לעבען צום טויט, וואס מען דעקט און פיהלט אין דיא לעצטע מינוטען פון לעבען. 10

**איוואן דער נאר**, דיעזער בוך שילדערט פאר אונז בילד, א וועלכעם עפעס אויף אונזערע אויגען צו זעהן א נייע וועלט מיט נייע מענשען. 8

**איך און מיין מאן**, א שילדערונג איבער דער אונגלייכהייט אין פערהייראטהעטען לעבען, און וועלכע הייראטה עס פיהרט צו גליק, און וועלכע צו אונגליק. 9

**אננא קארעניגא**, א שילדערונג איבער דיא ליידענשאפט פון א יונגע שעהנע פרוי, ווען זיא פאלט אריין צו אן עלטערן אבגעלעבטען מאן אונד פערליעבט זיך ענדליך אין א פרעמדען יונגען און שעהנעם מאן, וויא אזוי זיא ליעבט, ליידעט, געניסט פון איהר רייץ און פאלט ענדליך אלס אפפער פון דער ביטערער שלאנג—אייפערזוכט. 25

**טאלסטאי'ס ביאגראפיע**, א בעשרייבונג איבער זיין לעבען, ווירקען און איינפלוס איבער זיינע מיטמענשען, מיט א ביילאגע פון זיין בילד. 8

**מיין ווידוי**, א שילדערונג, צו וועלכען צוועק מענשען זיינען בעשאפען געוואָרען, לעבען אויף דער וועלט און ליידען צרות. 10

**מיין פריינדס פרויא**, א שילדערונג איבער דיא געמיינהייט און פערדארבענהייט וואס פאלשע ליעבע קען ארויסברייגגען. 10

**דער נסיון**, א שילדערונג איבער דעם קאמפף פון אנשטאנד מיט אויסגעלאַסענהייט, פון מאראל מיט פערדארבענהייט, און פון עדעלען מענער־מוטה מיט ערניעדריגטער פרויען־שוואכקייט. 10

**פאליקושקא**, א בילד פון דעם בויערישען לעבען אין רוססלאנד. 10

**דיא פערפיהרונג**, א שילדערונג איבער אזא סארט לעבען, וואס איז פול מיט מענשליכער אויסגעלאסענהייט און פערדארבענהייט. 10

**דיא צוויי דורות**, א שילדערונג פון דעם רוסישען לעבען, איבער זייער אונ־פערזאלם, בעלער, תרומות, ציגיינער מענך און קארטען שפיעל, 10

**דיא קרייצער סאנאטא**, א שילדערונג איבער דער פערדארבענהייט אין פערהייראטהעטען לעבען, עס ווערט בעוויזען מיט פאקטען, אז קיין אמת'ע ליעבע עקזיסטירט גאר ניט אין דער מענשהייט, עס איז נור בלויז לײדענשאפט, פאלשקייט און בעטרוג, 10

**קריעג און פריעדען**, אין דיעזען בוך ווערט געשילדערט דער בלוטיגער יאהר 1812, ווען נאפאלעאן האט איינגענומען גאנץ איירופא, דיא מפלה פון דעם גרויסען קריעגס העלד אין מאסקווא, און דיא גאנצע פאליטיק פון איירופא צו יענער צייט, דאס איז דער גרעסטער און בעסטער ראמאן וואס גראף טאלסטאי האט געשריעבען, 50

**תחית המתים**, א שילדערונג, וויא איין אלטער בעל־עברה'ניק ווערט א בעל תשובה, און וויל גוט מאכען זיינע אלטע חטאים, 15

---

# עמיל זאלא'ס קלאסישע ווערקע.

## בעארביימעט אין אידיש פון

## ד. מ. הערמאלין און אנדערע בעריהממע אידישע שרייבער.

---

**בלומיגע חתונה**, אדער דיא שלאכט ביי דער מיהל, א מייסטערהאפטע שילדערונג איבער דיא שרעקליכקייטען פון א מלחמה, 10

**א גלח'ס זינד**, א שילדערונג איבער דיא העכסטע ליעבעס־געפיהל אין דעם קאמפף מיט דיא פינסטערע געדאנקען, 10

**דיא דארפס־מיידעל**, א רעאליסטישע שילדערונג איבער מעדכען־אונשולד און מענער פערדארבענהייט, 10

**דער ווייבערשער גן־עדן**, דאס איז א בוך וואס האט געמאכט דעם גרעסטען סענזאציאן אין אללע וועלט־שפראכען און איז טערקוייפט געווארען אין דיא הונדערט־טויזענדע עקזעמפלארען, 25

**זשערמינאל אדער נאנאס ברודער**, אין דיעזען בוך ווערט געשילדערט נאטור־טרייא דאס לעבען און ווירקען פון דער ארבייטער־קלאסע און דער קאמפף פיר זייער עקזיסטענץ, דאס איז דער גרעסטער און בעסטער ראמאן וואס עמיל זאלא האט אויפגעשריבען, 40

**טויט שלעגער** אדער נאנאס מוטער, אין דיעזען בוך ווערט געשילדערט וויא אזוי „נאנא" וועלכע איז געוועזן איין איינפאכע מיידעל פון פראסטע עלטערן, איז געקומען צו דער שטופע פון א בלענדענדער וועלט־דאמע, 80

**דיא ליעבעס נאכט**, דיעזער בוך דעקט אפ דעם שלייער פון דיא פרומע נשמות פון דער אריסטאקראטיע און ציינגט אונז וויא אונטער דער מאסקע פון רעליגיאן ליעגט בעהאלטען א וועלט מיט שמוטץ, אויסגעלאסענהייט און פערדארבענהייט, 10

**לעבען און טויט**, א שילדערונג איבער דיא געפיהלע פון היחנער־פלעט און וויא עס שטעקט בעגראבען צו ווערען לעבעדיגערהייט, 10

**דיא מענשליכע בעסטיעס**, אין דיעזען בוך ציינגט אונז עמיל זאלא דיא בעסטיע אין מענשען־געשטאלט, דיא בלוט בעפלעקטע הענד פון פראנקרייך'ס פאלק און דיא מיט שמוטץ און עקעלהאפטע מאסקע וואס פראנקרייך'ס גרויסע לייטע טראגען,

**גאנא**, א שילדערונג פון א געפאלענע פרויענצימער וועלכע מאכט דורך אללע שטופען פון אן אויסגעלאסענעם לעבען, אנגעפאנגען פון אן איינפאכע שטראסען מיידעל ביז א בלענדענדע וועלט־דאמע, פיר וועלכע פירסטען פרינצען, גראפען און באנקירען פאלען צו איהרע פיס ווען זייא קומען מיט איהר אין בעריהרונג, 35

**נאנטאם אדער דער געקויפטער מאן**, א שילדערונג וויא אזוי א יונגע און וואונדערשעהנע מעדכען איז געפאלען צו דער געמיינהייט פון א פער־פיהרער, 10

**פערגיפטעטער קום**, א שילדערונג וועלכע איז אינטערעסאנט, שפאנענד און ריהרענד און ווערט גערעכענט פיר איינע פון דיא בעסטע ווערק וואס זאלא האט געשריעבען, 25

**דיא פאריזער דאמען**, אין דיעזען בוך עפענט עמיל זאלא דיא אויגען פון פיעלע דומע מענער, וואס בעהויפטען אז אונטער טויזענד פרויען גיבט קיין איינציגע א רעכטע. צו זעהן גראדע דעם געגענטהייל, אז אונטער טויזענד פרויען קען מען געפינען א סך רעכטע, וועהרענד אונטער טויזענד מענער קען מען ניט געפינען קיין איינציגען א רעכטען, 10

**פון חופה צום קבר**, אין דיעזען בוך ווערט בעשריעבען דיא גרויסע וועלט שטאדט פאריז אין איירע ריכטיגע פארבען, דיא דונקעלסטע פלעטצער, וויא אויך דיא רייכסטע סאלאנען וואו דיא שטאלצע אריסטאקראטען, מיט זייער גאנצער פערדארבענהייט, טהוען אם דיא שענדליכסטע גוואלד טהאטען, 10

**גרויען־ליעבע**, א שילדערונג איבער דיא געפיהלע פון א פרויענצימער און דיא אנציהונגען צו איהר מאן וועלכע אונטערליעגען מערקווירדיגע וועקסלונגען. דער געניאלער עמיל זאלא בעווייזט וויא אזוי א פרויענצימער איז אימשטאנדע צו ליעבען ניט נור איין מאן, עס איז אונגעפעהר א בילד פון פאליאנדריע, (פיעל מענערייא), גראדע וויא עס איז און פאליגאמיע (פיעל ווייבערייא), 10

# לעצטע שריפטען

— פון —

## מענדעלי מוכר ספרים.

(ש. י. אבראמאוויץ)

דיא לעצטע שריפטען איז א זאמלונג פון פערשיעדענע זשורנאלען אונד צייטונגען וואו דער פאטער פון דער אידישער ליטעראטור ש. י. אבראמאוויץ האט אין דער לעצטער צייט געשריבען.

יעדע פון די שריפטען איז א מייסטערהאפטע קריטיק איבער דעם אידישען לעבען אונד ווירקען אין רוסלאנד, אונד אין דער זעלבער צייט איז עס פול מיט הומאר, וויטץ אונד שארפזינן אונד זעהר אינטערעסאנט אונד שפאנענד צו לעזען.

אין איינע פון דיא שריפטען ווערט געשילדערט מיט דער קראפט פון מענדעלי'ס פעדער די לעצטע אידישע צרות אונד פאגראמען אין רוסלאנד, אונד דיעזע שילדערונג אליין איבערשטייגט אללעס וואס ער האט פאָרהער געשריבען. אפילו פון זיינע צווי בעריהמטע ווערק ווי דיא „קליאטשע" אונד „פישקע דער קרומער" עס איז א קונסט ווערק אונד עס איז ווערטה צו לעזען אונד שטודירען.

**פרייז 35 סענט** (פארטא פרייא)

---

צו בעקומען ביי אלע בוכהענדלער, ווי אויך ביי די פערלעגער

THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,

83-85-87 Canal Street, New York

# 100 געקליבענע

# שריפטען

— פון —

## ז. ליבין.

---

דאס איז דער נאמען פון ליבינ'ס לעצטע ערצעהלונגען וועלכע זיינען געווען געדרוקט אין פערשיעדענע צייטונגען און זשורנאלען און זיינען יעצט ערשיענען אין בוך־פארם.

די „געקליבענע שריפטען“ זיינען ערשיענען אונטער פאלגענדען סדר:

I. גלות־בילדער.

II. ליעבע.

III. סקיזשעטען.

IV. בילדער פון דעם אריטען לעבען אין נויארק.

V. דער קריזיס.

VI, פערשיעדענעס.

VII. ערנסטער שפאס.

מר. ליבין האט א נאמען געגעבען זיינע לעצטע שריפטען „געקליבענע שריפטען“ וויל ער האט זיי אויסגעקליבען פון די טויזענדע וועלכע זיינען לעצטענס פון איהם ערשיענען. און נור די בעסטע וועלכע זיינען אינטערעסאנט און בעלעהרענד האט ער אונז איבערגעבען צו דרוקען אין בוך־פארם.

די „געקליבענע שריפטען“ פון ז. ליבין איז געדרוקט אויף שעהנעם פאפיער און געבונדען אין א פראכטפאלען באנד.

## פרייז 1 דאלער.

צו בעקומען אין אלע בוכהאנדלונגען ווי אויך ביי די פערלעגער:

HEBREW PUBLISHING COMPANY,

83-85-87 Canal Street, New York.

# „דאס אידישע וואכענבלאט"

## רעדאקטירט פון י. פפעפפער

ערשיינט יעדען דאָנערשטאג און איז פול מיט אינטערעסאנטע לעזע שטאָף.

ענטהאַלט וויסענשאַפטליכע, היסטאָרישע, פובליציסטישע און בעלעט־ריסטישע אַרטיקלען פון דיא בעסטע שרייבער אין איראָפּא און אמעריקא.

— — דיא רעגולאַר מיטאַרבייטער זיינען: — —

א. וויעוויאָרקאַ, גרשום באַדער, ישראל וויינלעז, י. לאַנדוי (וואָהלינער), דוד אַפּאָטהעקער, ש. מאַרגאָשעס, ש. אָשיצער, יצחק אבן, מ. אדערשלעגער און אַנדערע.

### פאמיליען ארגאן פיר אלע אידען.

| | | |
|---|---|---|
| פרייז: | אין ניו־יאָרק . . . . | 2 סענט |
| | אויסער ניו־יאָרק . . . | 3 " |
| | קענעדע . . . . | 4 " |

**אין יעדען נומער איז געדרוקט א קופאן וועלכער איז ווערטה 5 סענט.**

אדרעסע:

278 איסט הויסטאן סטריט, ניו יארק.